A 739

צענטראלע יידישע ביבליאטעק № 1
פון פרעסע ארכיוו

# משה

דערציילט פאר קינדער

— פון —

יעקב פאט



ביאליסטאק

1920



דרוקערי ס. ב. מורסקי, קויטשאן גאס 1

# משה.

דערציילט פאר קינדער

— פון —

יעקב פאט.



צווייטע אויפלאגע.

פארלאג
„דאס בוך"
ביאליסטאק.
1920





# משה...

...[illegible] זין עמגוחלקטן
ה מתנה.

## א.

דאָס איז געווען אין דעם ווייטן לאַנד מצרים —דאָרט, וואו עס זיינען אַמאָל יעקבס קינדער געקומען צו זייער ברודער יוסף דעם שני למלך, ברויט קויפן אין הונגער־יאָר און זיינען דאָרט פאַרבליבן קנעכט ביי פרעה דעם מלך פון מצרים.

— מאַכן ציגל, בויען שטעט און די אינגלאך זאָל מען אין טייך נילוס אריינוואַרפן...—איז געווען די גזרה פון אַכזר דעם מלך.

אויף גרויסע ווּסטע פעלדער זיינען אונזערע



זײַדעס-זײדעס געשטאַנען באָרװיסע און געקנאָטן לײַם מיט שטרױ, ציגל געמאַכט און אױפֿן זון געברענט. מאות ציגל אַ טאָג האָט יעטװידער געמוזט מאַכן, שטרױ צו די ציגל האָט מען ניט געגעבן — מען האָט געמוזט אַלײן געפֿינען. און הײַם איז געװען, װײל פֿײער-הײַם איז אין מצרים. פֿון פֿאַרטאָג ביז שפּעט-נאַכט זײַנען די אידן געשטאַנען אין פֿעלד און מיט צובלוטיקטע הענט און פֿיס די ציגל געמאַכט. פֿרעהס אױפֿזעערס האָבן מיט ריטער אױבער זײַערע לײַבער געשלאָגן, אױב מען האָט זיך געװאָלט פֿון דער אַרבעט אָפּרוען:

— איר זײַט פֿױל... איר װילט ניט אַרבעטן!... — האָבן די אױפֿזעערס געשריען און געשלאָגן.

בלוטיקע שװיס מיט טרערן האָבן, װי זאַלץ, אױף זײַערע װאונדן געשמאַרצט; האָבן די זײדעס געזיפֿצט פֿון שװערע מאַטערניש און — פֿאַר פֿרעהן מױערן געמאַכט, פֿעסטונגען, גאַנצע שטעט געבױט: פּתום און רעמסס.

און די אידישע אינגלאַך האָט מען אין טײַך

אַרײַן געוואָרפֿן און דאָרטן אין וואַסער זײַ דערטרונ־
קען—עס האָט געוואָלט דער מלך פֿון מצרים, דער
אכזר, זײַ זאָלן אומקומען.

אַזוי שלעכט האָט מען געטאָן מיט די ליבע
אײניקלאַך פֿון אברהם, יצחק און יעקב. פֿלעגן די
מאַמעס באַהאַלטן זײערע קינדערלאַך אין פֿינסטערע
קאַמערלאַך, שטעלבעלאַך און קעלערלאַך,—
פֿלעגט מען אָבער זײ געפֿינען און פֿון זײערע הענט
אַרויסרײסן, די פֿאַרשטיקטע קולות פֿון די קינדער
האָבן זיך גאַנצע נעכט פֿון טײַך געטראָגן און אפֿילו
ביזן הימל דערגרײכט.

האָט געלעבט דאַמאָלסט אַ איד, עמרם, דער
גרעסטער פֿון אַלע אידן, זײַן ווײַב האָט מען גערופֿן
יוכבד און זײַן טאָכטער—מרים.

האָט זיך מרים בײַנאַכט אַ חלום געחלומט:
איר מאַמע וועט אַן אינגעלע געבוירן, וואָס עס איז
נאָך ניט געווען אַזוינער, און אַ גואל וועט ער זײַן
—אַרויסהעלפֿן וועט ער אַלע אידן, און מען וועט
שוין מער פֿאַר פּרעהן קײַן ציגל ניט מאַכן, די אינ־
געלאַך וועט מען שוין אין טײַך ניט וואַרפֿן...

איִז זיִ געָקומעָן און פאַר דעָר מאַמעָן איר חלום דעָרצײלט. האָט זיִך דיִ מאַמעָ געָפרײט: אפשר איִז דאָס אַן אמת, אפשר ועָט זי מאַקעָ אזא איני־געָלעָ האָבן... אָבעָר מעָן וועָט דאַך אים איִן טײַך אריַינוואַרפן.—

האָט דיִ מאַמע יוכבד איִ געקושט איִר טאָכ־טעָר מרים, איִ געָשטיִקט זיִך, געוואָרגן זיִך מיִט טרעָרן.

און מרימס חלוֹת איז שפּעָטעָר מקוים געָ־וואָרן; די מאַמעָ האָט אַן איִנגעלעָ געָבוירן.

און ביִ עָר איִז נאָר געָבוירן געָוואָרן, איז איִן שטוב אזוי פול געָוואָרן מיט ליכטיִקעָר שײַן, וויִ הונדערט ליִכט וואָלטן ברעָנעָן. פון זיינעָ אויגעָלאך האָט געָלויכטן, ווי פון די שטערנדלאַך איִן הימל. דעָר טאַטע עמרם האָט דעָר טאָכטעָרל מרים איִבעָרן קעָפּעָלעָ געָגלעָט און געָזאָגט:

— אַן אמתער חלום האָט זיִך דיר געָחלומט... אַ ליִכטיִקער מלאכל איז ביי אונז געָבוירן געוואָרן.

נאָר מעָן האָט געָמוזט איִם שטאַרק אויסהיִטן

אויסבאַהאַלטן, די ליכטיקייט פון אים וואָלטן די מצרימער דערזען, מען וואָלט אים געפונען און געווים אין טייך געוואָרפן.

דריי חדשים האט אים די מאַמע אויסבאַהאַלטן, קיינער־קיינער האט וועגן איר זונעלע ניט געוואוסט. עס האט זיך די מאַמע אַזוי געשראָקן, מורא געהאַט.

מער אים אויסבאַהאַלטן האט זי שוין ניט געקענט. מען האָט שוין הויך זיין קולכעלע געהערט. אַלע רגע קען מען זיך פון אים דערוויסן און ס'וועט שוין זיין פאַרפאַלן.

האָט די מאַמע מיט אירע אייגענע הענט אַ קעסטעלע פון האלץ געמאַכט. די שפּעלטעלאַך און שפּאַרונעס מיט קלעפּיקע סמאָלע אויסגעשמירט, כדי עס זאָל קיין וואַסער ניט דורכרינען, אינעווייניק ווייך אויסגעבעט און איר אינגעלע אַרײַנגעלייגט, פון אויבן מיט ברעטעלאַך צוגעקלאַפּט און נאָר אַ לעכעלע געלאָזן, כדי זיין פּנימל זאָל אַרויסשטעקן.

די מאַמע מיט מרימן האָבן דאָס קעסטעלע

צום טייך געטראָגן — אויפן וואַסער זי צו-לאָזן. זאָל עס שווימען, אפשר וועט דאָס צו אַ גוטן ברעג און גוטע מענשן דערשווימען. .

עס האָט געוויינט די מאַמע און געוויינט האָט מרימל.

— וואָס האָט זיך דיר, מרימל, געחלומט, אַז ער וועט די אידן העלפן און אויסלייזן — האָט די מאַמע גערעדט — אַז איך אליין מוז אים נאָר אויפן וואַסער לאָזן... וואו איז דיין נביאות טאכטער מיינע? ...

— מיין ברודערל, מיין ליכטיקער מלאכל... — האָט מרים געוויינט.

און ער, דער ליכטיקער, שטראַליקער אינגעלע, האָט גאָר ניט געוואוסט, וואָס מיט אים איז און וואָס מען טוט מיט אים. ער איז אין קעסטעלע געלעגן, געקוקט מיט זיינע גרויסע אויגן אויף דער מאַמען, געהאַלטן אַ פינגערל אין מויל און געשמייכלט.

דאָס קעסטעלע האָט מען אויפן טייך געלאָזן. די שטילע וועלעכלאַך האָבן עס אונטערגעכאַפט און

אוועקגעטראָגן. די מאַמע האָט זיך ניט געקענט אָפּרײַסן פון ברעג, צום קעסטעלע געקוקט און געשעפּטשעט אין דער שטיל:

— טראָגט וועלכעלאַך, מײַן אינגעלע... טראָגט מײַן זונעלע...

און מרימל .האָט מיט די ליפּן געפּליסטערט:

— טראָג טײַכעלע, מײַן ברודערל... טראָג אים... טראָג...

אויפן וואַסער איז דאָס קעסטעלע געווען. דער אינגעלע האָט זיך אַרומגעקוקט: אויבן איז בלוי דער הימל, אונטן—וואַסער, און אַ ווינטעלע אַ שטילער בלאָזט. און די מאַמע איז ניטאָ, און קײ-נער איז ניטאָ, און דאָס קעסטעלע שווימט און שווימט.

און גראָדע דאַמאָלסט איז דער מלך פּרעהס טאָכטער געגאַנגען מיט אירע חברטעס זיך באָדן אין טײַך. האָבן זײ דערזען דאָס קעסטעלע, וואָס איז אין טײַך געשוואומען, האָבן זײ עס צו זיך גע-נומען און דעם אינגעלע אַרויסגענומען. איז דער

ליכטיקער אינגעלע זײער געפעלן געוואָרן דעם מלכס טאָכטער.

און ווײַל בײַם טײַך איז די מאַמע געשטאַנען און ווײַל בײַ קײן אַנדערער האָט ער ניט געוואָלט נעמען צו זויגן, האָט דעם מלכס טאָכטער איר פֿאַר אַן אַם צום קינד גענומען און אים צו זיך אין פּאַלאַץ אַוועקגעטראָגן, קײנער האָט עם נאַרניט געוואוסט, אַז די אַם איז גאָר דעם אינגעלעס מאַמע.

און אַ נאָמען האָט מען אים געגעבן משה.

---

ב.

איז דער אינגעלע משה געוואַקסן בײַם מלך אין פּאַלאַץ. זײַן מאַמע האָט אים אויף איר שוים

געהאלטן, און ער האט ניט געוואוסט, אַז דאס איז זיין מאַמע, זי האט מורא געהאַט אויסצוזאגן, ווארום אַז מען וועט זיך דערוויסן, אַז ער איז איר אינגעלע, וועט מען דאך אים אין טייך אריינוואַרפן.

שיין און שלאַנק איז דער שיינינקער אינגעלע געוואקסן, אפילו דער מלך האט אים ליב געהאַט.

איינמאל, ווען דער קליינער משהלע האט זיך מיט דעם מלך געשפילט, האָט ער אַראָפּגענומען דעם מלכס קרוין פון מלכס קאָפּ און זיך אויפן קאפּ אַרויפגעזעצט—איז ער אַן אמתער פרינץ געווען.

— ער וועט וועלן אַ מלך זיין... אַז ער וועט אויסוואקסן, וועט ער דיין קרוין צונעמען און אַ קייסער אין מצרים ווערן... — האבן דעם מלכס פריינט צום מלך געזאגט—מען דאַרף אים גלייכער הרגענען, אין טייך אריינוואַרפן...

נאר געהרגעט האט מען אים ניט און אין טייך ניט אַריינגעוואָרפן. ער איז אין פּאַלאַץ פאַרבליבן.

איז דער אינגעלע משה גרעסער געווארן און

מער קען אם האט ער שוין ניט געדארפט, האט פרעהם טאכטער געהייסן משהם מאמע פון פאלאץ אוועקגיין—דער אינגעלע וועט זיך שוין האדעווען אן איר. זי איז דאך נאר זיין אם געווען...

משהלע איז נאך דאמאלסט געשלאפן אין זיין בעטעלע בשעת זיין מאמע האט איר פעקעלע אויפגעבונדן, כדי פון פאלאץ אוועקצוגיין. זי האט זיך איבער אים איבערגעבויגן און אזוי געוויינט. וואלט זי אים אפשר אויסגעזאגט, ווער ער איז, וואלט זי אים אויפגעוועקט און מיטגענומען? — ניין, דאס טאר זי ניט! מען וועט דאך אים אין וואסער ווארפן. זאל ער זיין אין פאלאץ, זאל ער ליבערשט איצט פון זיין מאמען ניט וויסן, זאל ער גלייכער פון זיין טאטן איצט ניט וויסן, זאל ער פון זיין שוועסטער ניט וויסן—זאל ער בעסער לעבן בלייבן... שפעטער, אז ער וועט שוין א גרויסער ווערן, וועט ער אליין זיך דערוויסן.

עס איז געשלאפן דער קליינער משהלע און זיין מאמע האט זיך איבער זיין קעפעלע איבערגעבויגן, אים אין די בעקעלאך געקושט, אין דער שטיל

זיך געזעגנט מיט אים:

— זײַ געזונט, משהלע... זאָלסט זיך אַמאָל אָן דײַן מאַמע דערמאָנען... און אַלע אידן דערמאָנען, וואָס זײַ איז אַזוי שלעכט, — זאָלסטו קומען זײער צער צוזען... זײַ געזונט, משהלע מײַן זון...

און שוין. די מאַמע איז אַוועקגעגאַנגען. משה־לען האָט זיך עפּעס געחלומט אַ מאָדנער חלום. אים האָט זיך געחלומט, אַז ער איז אַ אידישער אינגעלע, זײַן מאַמע באַהאַלט אים אין אַ פינסטערן קעמערל, עס קומט אַ מצרי מיט אַ זאַק, וואַרפט אים אין זאַק אַרײַן, נעמט אים אויפן פּלײצע און טראָגט אים צום טײַך.

האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און ער האָט שוין אין צימער זײַן ליבע אַם ניט געזען. ער איז שוין געווען אַלײן.

און אויף מאָרגן, ריכטיק נאָכדעם, ווי אים האָט זיך געחלומט, איז ער אַרויסגעקומען אויפן הויף. האָט ער געהערט, ווי די מצרישע אינגלאַך רופן אים איבער און רײצן זיך:

— אידעלע... אידעלע... קליינער אידעלע...!

די אינגלאך האבן דאס געהערט פון זייערע שוועסטערס, וואס זיינען דאמאלסט געגאנגען זיך באדן מיט דעם מלכס טאכטער, אז משהלע איז אפשר גאר א אידעלע.

און ער האט אליין ניט געוואוסט, צו איז דאס אן אמת, צו א ליגן. האט ער געפרעגט ביי דעם מלכס טאכטער, האט זי אים געענטפערט:

— איך ווייס דאס ניט... איך האב דיר ארויסגענומען פון א קעסטעלע, וואס איז אויפן טייך געשוואומען.

דאמאלסט האט ער געטראכט, אז אן אמתער חלום האט זיך אים געחלומט און געוויס-געוויס איז ער א אידישער אינגעלע, און ווען אידישע אינגעלאך האט ער אזוי פיל אומעטיקע געשיכטעלאך אנגעהערט.

און ווער איז זיין מאמע? וואו איז זי? און ווער איז זיין טאטע? וואו איז ער!—האט דער קליינער משהלע געטראכט, און קיינער האט אים ניט

געזאגט.

און שיין איז ער געווען, ווי א מלאכל, גע־לויכטן האבן זיינע אויגעלאך, ווי שטערנדלאך, און קלוג איז ער געווען—קליגער פון אלע קינדער פון גאנץ מצרים.

און אז פרעהם חכמים און כשוף־מאכער זיי־נען געקומען אין פאלאץ צום מלך און זייער וואונ־דער געוויזן: שטעקנס אין דער לופטן געווארפן און פון זיי שלאנגען געמאכט, אויף שטיינער אלע חיות און פויגל געקריצט —

האט דאס משה גלייך געקענט, ווי זיי.

ג.

איז משה געוואקסן און עלטער געווארן; און

גרעסער געוואָרן, די מצריםער האָבן אים שוין גע־
רופן: דער פּרינץ.

און אַז ער איז גרעסער געוואָרן, האָט ער
געהערט אין פּאַלאַץ, ווי מען פאַרציילט אַסך מעשיות
וועגן די אידן, וואָס זיינען אין מצרים, וואָס אַרבעטן
אין וויסטן פעלד, וואָס מאַכן ציגל און בויען שטעט
פאַר פרעהן, וואָס זייער קרעכצן קומט אַוש אין פּאַ־
לאַץ אַריין און מען הערט דאָס די גאַנצע נאַכט.

דאָס קרעכצן די אידן פון שווערן יאָך... האָט
דער פּרינץ משה געטראַכט, און ס'האָט אים געצויגן
פון פּאַלאַץ אַרויס, אַהינצו צו די מענשן. נאָר קיין
פּרינץ לאָזט מען קיינמאָל פון פּאַלאַץ ניט אַרויס;
פלעגט זיך משה אָנטאָן אַנדערע בגדים און זיך
אַרויסגנבענען פון פּאַלאַץ.

פלעגט ער זען העלפן אַרבעטן. דעם אונטער־
געשטעלט אַ פּלייצע, יענעם געהאָלפן טראָגן די
שווערע משא, קנעטן די ליים און מאַכן די ציגל.

האָט ער איינמאָל געזען, ווי אַ מצרי אַן
אויפזעהער שלאָגט מיט ריטער אַ אידן.

— מצרי, וואָס שלאָגסטו אים!.—האָט זיך משה צושריִען, און פֿון כּעס האָט ער דעם מצרי געהרגעט.

און אין אַ צווייטן טאָג האָט ער געזען, ווי איין איד שלאָגט דעם צווייטן, האָט זיך משה ווידער איינגעשטעלט:

— איד, וואָס שלאָגסטו דיין ברודער!...

און אַז מען האָט זיך דערוואוסט, אַז משה האָט אַ מצרי געהרגעט, האָט שוין משה ניט געקענט פארבלייבן ביים מלך אין פּאַלאַץ: מען וועט אים דערפאַר טויטן.

וואָס האָט ער געטאָן?—איז ער אין מדבר אַוועק, אין וויסטן מדבר, דאָרט זיך צו באַהאַלטן פון כּעס פון די מצרימער.

איז ער אין לאנד כּוש געקומען, און צום מלך האט מען אים געבראַכט. איז ער מיט זיין חכמה אזוי דעם מלך געפעלן געוואָרן, אַז ער האָט אים געמאַכט העכער פון אלע זיינע הארן.

און נאָכן טויט פון מלך פון כּוש איז דאָרט משה

דער מלך געוואָרן.

זיינען אָבער די פירשטן און הארן פון כוש אין כעס געווען, וואָס אַ פרעמדער און געקומענער איז דער מלך געוואָרן, האָבן זיי זיך שטילערהייט געיעצהט אים צו הרגנען.

איז משה פון לאַנד כוש געלאָפן, אין מדבר געבלאָנדושעט, ביז ער איז צו אַ ברונען אין מדין געקומען.

ביים ברונען זיינען געשטאַנען פאַסטוכער און פאַסטוכקעס אָנצוטרינקען זייערע שאָף און רינ-דער. די פאַסטוכער האָבן זיך ארום ברונען ארומ-געשטעלט און ניט געלאָזן די פאַסטוכקעס נעמען וואַסער: זאָלן זיי וואַרטן... האָט דאָס משהן פאַר-דראָסן, און ער האָט רחמנות געהאַט אויף די פאַס-טוכקעס. איז ער צוגעגאַנגען און זיי געהאָלפן: פאַר זיי וואַסער אָנגעשעפּט. זיי האָבן געגעבן זייער שאָף צו טרינקען און גיכער ווי אַלעמאָל, גיאַקערט זיך אַ היים.

זיינען געקומען די פאַסטוכקעס אַ היים צו

זייער מאַטן יתרו און אים דערציילט, פאַר וואָס זיי זיינען געקומען דעם טאָג פריהער, ווי אַלע טאָג. האָט ער זיי געהייסן, זיי זאָלן אריינרופן משהן, וואָס האָט זיי ביים ברונען געהאָלפן—זאָל ער עפּעס עסן און זיך אָפּרוען.

און ווייל משה האָט ניט געהאַט, וואוהין ווייטער צו גיין, איז ער דאָרט פאַרבליבן צו זיין אַ פּאַסטוך ביי יתרוס שאָף.

אַ גוטער, טרייער פּאַסטוך איז משה צו די שאָף געווען. ווי מען האָט ליב קליינע קינדערלאַך, אזוי האָט ער ליב געהאַט די קליינע שעפּעלאַך. ער פלעגט זיי אויף די הענט טראָגן, זיי זאָלן זיך ניט איינמאַטערן, צום טייכעלע טרינקען פירן, מיט זיי אַ גאַנצן טאָג אין פעלד געווען און זיי געהיט.

אסך עלטער איז שוין משה געוואָרן. זיין וואוקס—ווי אַ שלאַנקער טענענבוים, זיינע אויגן—ווי ליכטיקע שטערן, זיין לאַנגע, געקאַרבטע באָרד—ווי העגלאך פון טייטל-בוימער, און שטראַלן האָבן געגלאַנצט אויף דער קלאָרער הויט פון זיין שטערן...

איז ער איינמאָל געלעגן אין מדבר, די שאָף געהיט און רחמנות געהאַט אויף א קליין שעפּעלע, וואָס האָט זיך איינגעמאַטערט, ווייל זי איז צום טייכעלע נאָך געלאָפן. האָט ער זיך דערמאָנט אין די קליינע קינדערלאך פון מצרים, אין די אידישע קינדערלאך, וואָס זיינען געגליכן צו די שעפּעלאך, וואָס מען וואַרפט זיי אין טייך אריין. האָט ער אין ווייטן מדבר דערהערט דאָס קרעכצן פון די אידן...

האָט אנגענומען משהן אזא צער. זיינע אויגן האָבן אנגעהויבן מער צו לויכטן, זיין פּנים האָט אנגעהויבן מער צו גליען און שטראַלן האָבן ארויסגעשאָסן פון די קנייטשן פון זיין שטערן...

און ער האָט זיך דערמאָנט אין ברייטן, זאַמדיקן פעלד, וואו ער האָט געזען די אידן זיך מאַטערן און די מצרימשע עלטסטע שמיצן מיט זייערע ריטער איבער די לייבער פון די אידן.

— קליינער אידעלע... קליינער אידעלע...— האָבן די אינגלאך מיך גערופן — האָט משה דאַמאָלסט געטראַכט—איך בין דאָך אויך א איד, און

דאָרט איז מײַן מאַמע אויך דאָ און מײַן טאַטע אויך דאָ...

עס איז געװען אַ הײסער טאָג אין מדבר. די זון האָט געגליט און געברענט. אַ גרױסער דאָרן־בױם איז אין מדבר געשטאַנען. האָט משה אױפֿן דאָרן געקוקט און געזען, װי דער דאָרן האָט זיך אַלײן אָנגעצונדן און צופֿלאַקערט זיך אין אַ פֿלאַם.

ברענט און פֿלאַמט דער דאָרן, ברענט און פֿלאַמט און װערט ניט פֿאַרפֿלאַמט.—

— משה!... משה!... האָט ער פּלוצלונג אַ קול דערהערט.

װײל משה זעט, װער עס רופֿט אים, נאָר ער זעט קײנעם ניט. עס איז געװען ריבמיק, װי דער קול װאָלט פֿון פֿײַער זיך רײַסן..

— משה!... משה!... האָט ער װידער געהערט—דײַנע ברידער שרײַען פֿון דעם שװערן פֿײַן און דו ליגסט זיך אין מדבר און ביזט זיך אַ פּאַסטוכל!...

װאָס זאָל איך טאָן?—האָט משה געשריען אין מדבר אַרײַן.

— נעמ העלפן דיינע ברידער!... קום!... נעם דעם שטעקן אין האנט!... פארלאז, משה, דעם מדבר!... משה, קום!...

עס האט זיך ווייט און הויך איבערן מדבר דער געשריי געטראגן, אפגעשלאגן זיך אין די הויכע זאמדן און הויכע הימלען, אריינגעריסן זיך ביי משהן אין הארצן און געגרופן:

— משה, משה, עס רופן דיך די ברידער פון מצרים..."

און מער האט שוין משה ניט געקענט דארט פארבלייבן. ער האט די טשערעדע צו יתרון אין שטאל אפגעפירט, געקושט יעדעם שעפעלע און געזעגנט זיך:

— זייט געזונט, מיינע שעפעלאך, איך גיי איצט ווערן א נייער פאסטוך, א פאסטוך פאר מיינע ברידער, די אידן...

און ווען משה איז שוין ווייט אין מדבר געווען, האט ער נאך געהערט דאס אומעטיק מעקן פון די שעפעלאך, וואס האבן אים געגרופן און גע-

זעגנט זיך מיט זייער ליבנקן, טרייאינקן פאסטוך:

— גייט געזונט, גייט...

## ד.

צווישן די בערג און מדבר, מיטן שטעקן און האנט, האט משה געשפרייזט אויפן וועג צו זיינע ברידער אין מצרים. עס זיינען געווען אויסגעשפרייט די הימלען איבערן לעדיקן מדבר, פלאם-פייער האט זיך פון דער הייסער זון געגאסן, שוין נאכט איז געלעגן דאס לאנד.

— איך וועל קומען צו די אידן, און זיי זאגן—האט משה געטראכט—דער פיין פון אייך האט מיך גערופן, אייער געטריי האט די הימלען געשפאלטן...

און צו פרעהן וועט ער אזוי זאגן:

— לאז גיין די אידן פון דיין לאנד ארויס!...

און זיי וועלן פון לאַנד מצרים אוועק, איבערן ירדן וועלן זיי גיין צום נייעם לאנד אריין, א הויכע, קלינגענדיקע שירה פון ששים רבוא אידן, פון אַלט און יונג, גרויס און קליין וועט זיך טראָגן. עס וועלן זינגען אפילו קינדער, איינגעשלאָפענע אין דער מאַמעס שויס...

און שפּעטער איז טאַקע אַזוי געווען. משה מיט די אידן זיינען פון מצרים ארויס, פּאַראָוים איז משהס שוועסטער, מרים, מיט אסך פרויען געטאנצן, געטאנצט, געזונגען און געפּייקלט אויף פּייקלאך.

— דיין חלום איז געווען א ריכטיקער... — האָט מען צו מרימען געזאגט און איר פון שמחה געקושט.



# פארלאג „דאס בוך" ביאליסטאק.

ס'איז ארויס פון דרוק:

1. משה (2-טע אויפלאגע) פון יעקב פאט
2. ירידהו " " " "
3. גדעון " " " "
4. יפתח " " " "
5. שמשון " " " "
6. אין דער מלוכה פון מוראשקעס און שוואמען פון סאניע קאנטאר.

עס דרוקט זיך:

7. לאבא, דער קעניג פון קורומפא. פון טאמפסאן.

8. בינגא, א געשיכטע פון א הונט „

9. דאס ווילבערנע פלעהעלע,
א געשיכטע פון א ראב „

10. די קעניגין אנאסטאלאן
א געשיכטע פון א קאץ „

11. דער צוריסענער אויעריל
א געשיכטע פון א האז „

12. דער גאסנזינגער א געשיכטע פון „
א וואראבי

13. מוסטאנג דער פאסגייער „

14. יאבים בער „

15. וואולי דער שעפסנהונט „

16. דער ווילבערנער פוקס „

---

ס'איז גרייט צום דרוק:

ראבינזאן קרוזע — באארבעט פון י. פאט

גאטור=וויסנשאפט פאר פאלקסשולן י. נאוואגרודסקי

דער ווילדער מענש בעלשע איבערז. פון איינהארן


מיט באשטעלונגען זיך ווענדן:
Wydawnictwo «KSIĄŻKA» w Białymstoku.
ul. Sienkewicza № 19
DRUKARNIA MIRSKIEGO BIALYSTOK KUPIECKA № 1